**א. ניסנעוויטש**

ꕥ ꕥ ꕥ

# אין לויף פון יארן

ꕥ ꕥ ꕥ

מיט א פאָרוואָרט פון **משה פעלדמאַן**

ארויסגעגעבן פון

ברענטש 1 לייבאָר ליג

„איקוף" צווייג, טאָראָנטאָ

קולטור קאָמיטעט לייבאָר ליג

**טאָראָנטאָ, 1942**

# IN LOIF FUN YORN

*By A. NISNEVICH*



PRINTED BY

DANETTA PRESS

TORONTO - CANADA



# פאָרוואָרט

דאָס דאָזיקע ביכל מיט א. ניסנעוויטשעס שריפטן ווערט ארויסגעגעבן פון בר. 1 פון לייבאָר־ליג, אין וועלכן א. ניסנעוויטש איז א מיטגליד, צוזאמען מיטן טאָראָנטער איקוף־צווייג. אָט־דיביידע קערפערשאפטן, אונטערנעמענדיק אָט־די אקציע, האָבן דערמיט געוואָלט אויסדריקן זייער אנערקענונג צו א. ניסנעוויטש דעם קולטור־געזעלשאפטלעכן טוער. א. ניסנעוויטש האָט אין משך פון יאָרן זיך דערוואָרבן א נאָמען און חשיבות מיט זיין קולטור־געזעלשאפטלעכער ארבעט אין טאָראָנטאָ און האָט זיך אפילו געלאָזט הערן איבער גאנץ קאנאדע. ער האָט אלעמאָל געטאָן זיין ארבעט מיט איבערגעבנקייט און התלהבות, וואָס האָט זיך אָפטמאָל געגרענעצט מיט מסירת נפש — אזוי אין זיין ברענטש פון לייבאָר־ליג, נאָך מערער אין „איקאָר" (אידישע קאָלאָניזאציע אין ראטנפארבאנד), צו וועלכן ער איז געווען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן, און איצט — אין „איקוף" (אַל־וועלטלעכער אידישער קולטור־פארבאנד). א. ניסנעוויטשעס לידער האָבן זיך פון־צייט־צו־צייט געדרוקט אין „קאמף", „דער וועג", „וואָכנבלאט", „ניילעבן" און אנדערע.

דער טאָראָנטער עולם קען ניסנעוויטש'ן, באזונדערס אין די קרייזן פון לייבאָר־ליג און „איקוף". ווער קען ניט ניסנעוויטש'ן פון ברענטש איינס לייבאָר־ליג? פונם „איקאָר"? פונם „איקוף"? מען ווייסט שוין אפילו אז ניסנעוויטש וועט זיין דער באגריסער בא די פייערונגען פון די שולן און אנדערע אינסטיטוציעס. מען ווייסט אויך, אז ניסנעוויטש איז גרייט צו דינען, צו העלפן און ארויסהעלפן. ווען ער קומט אריין זאָגט מען: אָט גייט ניסנעוויטש; וואָס מאכט איר עפּעס ניסנעוויטש? ווען ער זאָל א פּאָר טעג ניט אריינקומען וואָלט מען זיך געפרעגט: וואו איז ערגעץ ניסנעוויטש? פארוואָס זעט מען אים עפּעס ניט?

מען קען אים שוין אזויפיל, אז ס'וועט גאָר צומאָלס קיינעם ניט איינפאלן זיך אליין א פרעג טאָן: אָבער ווער איז ער טאקע אָט־דער

ניסנעוויטש, וואָס אַלע קאָנען אים אַזוי גוט? פונוואַנען קומט ער? וואָס איז געווען זיין פאַרגאַנגענהייט? און ווי אַזוי קומט ער צו דעם וואָס ער איז איצט? וואָס האָט אים געבראַכט צו דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג? וואָס וויל ער אויסדריקן אין זיינע לידער?

אָט אַזוי איז עס מיט די וועמען מען קען זייער גוט: מען נעמט זיך ניט די מי א טראַכט צו טאָן, צי מען קען זיי טאַקע. צי ווייסט מען טאַקע וואָס זיי האָבן מיט זיך פּאַרגעשטעלט, וואָס האָבן זיי געוואָלט און וואָס האָט זיי געבראַכט צו אונז.

איך ווייס ניט ווי אַלט (אָדער יונג) איז אברהם ניסנעוויטש. אַלנפאַלס ניט ער און ניט מיר קלייבן זיך דאָ אונטערצוציען די אונ־טערשטע שורה: מיר ווילן א לעבעדיקן אָנדענק. און אַזוי ווי מיר איז אָנגעקומען דער כבוד צו זיין דער זאַמלער און צוזאַמענשטעלער פונם דאָזיקן לעבעדיקן אָנדענק, האָב איך די דאָזיקע אַרבעט געטאָן מיט גרויס ליבשאַפט און דרך ארץ.

אגב קלייב איך זיך דאָ ניט שרייבן קיין רעצענזיע וועגן ניסנע־וויטשעס לידער: זאָל מען שרייבן רעצענזיעס נאָכדעם ווי דאָס ביכל וועט דערזען די ליכטיקע וועלט. דאָ וויל איך בלויז מאַכן א פּאָר באַמערקונגען וועגן א. ניסנעוויטשעס געדאַנקענגאַנג און אַנטוויקלונג אין „לויף פון יאָרן" — אַזוי הייסט טאַקע דאָס ביכל, וואָס איז איינגע־טיילט אין פינף אָפּטיילונגען: "אומרו", „האָפענונג", „פאַרלאַנגען", „רויטע טעג" און „מיין פאָלק".

די ערשטע אָפּטיילונג „אומרו" הויבט זיך אָן מיט א ליד — א פּאָעמע „צוויי שוועסטער", אַרבעטער־מיידלעך, מיט וועלכע ער באַ־געגנט זיך אַלע טאָג, גייענדיק פון־און־צו דער אַרבעט: דער שאַפּ און די יאָרן לייגן אויף זיי אַרויף זייער שטעמפּל — קנייטשן אויפן פּנים, זילבערנע פעדים אין די האָר און אַנדערע סימנים פון וועלקן . . . איז ניסנעוויטש אומרואיק: ער זעט זיך אין זיי, ווי אין א שפּיגל:

**אָ, שוועסטער! איר דערציילט מיר פון וועלקן,**

**פון א לעבן אָן פריידן, אָן גליק . . .**

אָדער ער זאָגט אין זיין ליד „אומרו":

**אומרו פון מיין הארצן —**
**ווי א פויגל פלאטערט ער,**
**הינטער גראטעס אייזערנע,**
**פון בענקשאפט א פארמאטערטער.**

אָדער:

**אונטער הימלען שווער ווי בליי**
**שיינט די זון אזוי געטריי.**
**וואָס־זשע דריקט מיך אזוי שווער?**
**און אין אויגן שטייט א טרער?**

אָט־די לידער פון אומרו זיינען געשריבן געוואָרן מיט א פּאָר צענדליק יאָר צוריק, ווען א. ניסנעוויטש האָט געזוכט אן ענטפער, א באשייד צו זיין אומרו און האָט אים ניט געפונען.

די צווייטע אָפּטיילונג הייסט „האָפענונג". די דאָזיקע אָפּטיילונג איז א געמיש פון דעם זעלביקן אומרואיקן פאטאליזם, פון אונטער־פאלן צו א שווערן דריקנדיקן גורל, אָבער גלייכצייטיק הויבט ער אָן זען א נבואה פון בעסערע טעג מיט ליכטיקע האָפענונגען: ער איז שוין נישט אליין מיט זיין אומרו, מיט זיינע שווערע „איך" — פּראָבלעמען. ער הויבט אָן ווערן א שותּף צו וועלט און מענטשהייט־פּראָבלעמען. די דאָזיקע אָפּטיילונג הויבט זיך אָן מיטן ליד:

**און קומען אמאָל וועט א צייט,**
**ווען הערשן וועט מער ניט די שווערד,**
**און מענטשלעכע טרערן און בלוט,**
**וועט מער שוין ניט טרינקען די ערד.**

און א. ניסנעוויטש זעט בנבואה א נייע גליקלעכע וועלט פון פרייד און פרידן. ער איז אָבער ווייט פון סאָציאלער וויסנשאפט און וויסנ־

שאפּטלעכער זיכערקייט — קומט באַלד צוגיין זיין אומרו און טוט א פרעג:

**וועט קומען אמאָל אזא צייט?**
**דער צווייפל — ער דריקט ווי א בליי . . .**

און זיין „האָפענונג" ראַנגלט זיך מיט „אומרו" און איז אים גובר.

**דאָך קומען וועט פאָרט יענע צייט:**
**איך בלייב צו מיין האָפענונג געטריי.**

און אזוי אין דער גאַנצער צווייטער אָפּטיילונג: אין א. ניסנע־וויטשען קומט פאָר א געראַנגל צווישן אומרו און האָפענונג. דער אומרו קומט אַלעמאָל צוגיין און א. ניסנעוויטש פאַרטרייבט אים:

**און אז פינצטער איז די נאַכט —**
**שרעק זיך ניט, מיין קינד, און טראַכט:**
**עס גייט דער וואָלקן נאָר פאַרביי —**
**וועט דער הימל ווערן פריי . . .**

אין דער דריטער אָפּטיילונג „פאַרלאַנגען" זעען מיר א. ניסנע־וויטשן אין זיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג: ניט פּאַטאַליזם, ניט נעבעכ־דיק־ציטערדיקע האָפענונג, נאָר געוואָגטע פאַרלאַנגען. אין זיין ליד „אייינוואוינער פון טאָלן" רופט ער די שטילע איינוואוינער פון די טאָלן צום הויכן באַרג־שפּיץ:

**מיט ברוסט דעם ווינט אַנטקעגן,**
**מיט קאָפּ אַנטבלויזט צום בליק.**

ער לאָזט איבער הינטער זיך אַלע מרה שחורה'דיקע פּראָבלעמען און פרייט זיך מיט קינדער־פרייד אויפן ערשטן שניי:

**שניי איז אויסגעפאַלן:**
**קינדער יובלען, שאַלן.**
**אייגעלעך ווי זונען**
**האָבן גליק געפונען.**

ער גיט זיך אויך איבער דער דינאמיק פון א ליכטיקן פרימאָרגן:

**אויסגעמאָסטן זיך די גלידער**<br>
**פון ארויף און ביז ארונטער,**<br>
**האָט צעשמייכלט זיך מיט שטראלן,**<br>
**האָט צעלויכטן זיך מיט צונטער.**

אין דער פערטער אָפּטיילונג „רויטע טעג" קערט ער זיך אום צוריק צו זיין אמאָל. און זיין אמאָל, ווי ער אליין באשרייבט געוויסע פּערי־אָדן פון זיין לעבן, איז געווען אין א געוויסער מאָס פארבונדן מיטן 1905 אין דער צארישער רוסלאנד: ער האָט פארזוכט דעמאָנסטראציעס און טורמעס. פון א צאָל לידער, וואָס זיינען בא אים פארבליבן פון יענער צייט, איז צו זען, אז ער איז מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטורעם, ווייל ער האָט אין דעם שטורעם אינסטינקטיוו דערפילט זיין בענקשאפט נאָכן „והיה באחרית הימים" . . . א מין אָפּקלאנג פון זיין „וועלט־שמערץ": ער האָט אין דעם 1905 נאָך ניט געזען דעם גרויסן געראנגל צווישן קלאסן — דעם קלאסנקאמף.

ערשט אין קאנאדע, נאָך 1917, וויקלען זיך זיינע „רויטע טעג" ארויס פון דער סימבאָליש־ראָמאנטישער רויטער פאָן און ציען אויף זיך ארויף בלוט און פלייש פון עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קאמפן פון די עקספּלואטירטע און פארהונגערטע:

**וואָל־סטריט־פעסטונגען**<br>
**הויבן זיך ווי ריזן.**<br>
**שיקט דער הונגער קללות**<br>
**צו הויכע גאָלד־קארניזן.**

און אין זיין ליד „מיט בליקן פאָרויס" רופט ער ניט אריינפאלן אין פארצווייפלונג, פנים אל פנים מיט דער פארשטארקטער רעאקציע און פאשיסטישער אויסשפרייטונג, און „ניט שפרייטן קיין אומעט, אז אלץ איז פארלאָרן: ס'איז אויף א ווייל בלויז פינצטער געוואָרן":

**מיט נקמה געפאנצערט**<br>
**קעגן בלוטיקן טיגער —**<br>
**זיי קומען די מחנות.**<br>
**זיי קומען די זיגער.**

די פינפטע אָפּטיילונגען „מיין פאָלק" איז די אידישע ווערסיע פון די „רויטע טעג". אין א ליד מיטן נאָמען „די פריסטער פון קרעבצן" האָט ער טענות צו די „פרומע" און „זיידענע" אידישע פירער און שרייבער, וואָס העצן קעגן ראטנפארבאנד און קעגן דעם פראָגרעסיוו־רעוואָלוציאָנערן טייל פון דער אידישער באוועגונג אין קאנאדע און אַמעריקע:

**פון אומקום די פריסטער,**
**מיט גאליקן פליסטער,**
**געלייגט האָבן איידעלע הענט אויפן הארצן,**
**געוויקלט די כשר׳ע גופים אין שווארצן . . .**

און וואָס בא זיי קומט אויס, אז:

**די „דערלייזטע" — זיי דארפן זיך שטיקן**
**אוןווארטן אויף יענע „פאפירענע בריקן" . . .**

און ער וואָרנט יענע אידישע שרייבער און פירער:

**אָ, פריסטער, וואָס טרעטן אויף איידעלע זוילן!**
**אייך האָבן פארגעסן די אידן פון פוילן!**
**זיי זיינען דורך נעכט אין דער פינצטער געקראָכן,**
**די הויט זיך צעריסן, פארבלוטיקט די קנאָכן . . .**

דאָס רעדט א. ניסנעוויטש וועגן די אידן פון פוילן, וועלכע האָבן זיך געריסן איבער דער גרענעץ צום ראטנפארבאנד, וואָס איז „פאר־קרעבצט" געוואָרן דורך „די פריסטער פון קרעבצן". א. ניסנעוויטש זעט אויך דעם אָנהויב פון טאָגן אין בירעבידזשאן. ער ווייטיקט אויס די קאמפן פון דער לאָיאליסטישער שפאניע און — „מיין הארץ מיט ליבשאפט פלאטערט איבער שפאניעס ערד". ער ווייסט אז דאָס שפּאַ־נישע פאָלק איז ניט שולדיק אין דעם וואָס —

**דיין קירכע האָט געוועלטיקט**
**מיט איר צלם־סם**
**און זי האָט אין פלאם געבראָטן**
**ברידער פון מיין שטאם.**

ער ווייסט, אז איצט קעמפן אלע צוזאמען, ווי זיי האָבן געקעמפט אין שפּאניע אין דער אינטערנאציאָנאלער בריגאדע, קעגן איין שונא. און ער רופט:

## העכער, העכער זאָל זיך צאָרן הויבן!

ניט שא־שא . . . נאָר א פאריייניקטער פויסט פון אידישן פאָלק, צוזאמען מיט אלע געליטענע און פארשקלאפטע, קעגן די פאשיסטישע תלינים און זייערע דירעקטע און אומדירעקטע ארויסהעלפער. ער צאָרנט און ער הייסט שטורעמען מיט צאָרן פאר די אידישע פּליטים אויף דער שיף „סענט לואיז", וואָס וואָגלט ארום איבער ימים און קען אין ערגעץ ניט לאנדן . . . צוזאמען מיט די סאָוועטישע שרייבער, קינסטלער און וויסענשאפטלער רופט ער דאָס אידישע פאָלק: צום געווער!

איז דאָס דאָזיקע ביכל א. ניסנעוויטשסע א יום טוב, וואָס ווערט באגריסט פון זיין ברענטש אין לייבאָר־ליג און פונם גאנצן לייבאָר־ליג, פונם טאָראָנטער „איקוף"־צווייג מיט זיינע לייען־קרייזן און פון דעם אלקאנאדער „איקוף". לאָמיר צוזאמען שטרעבן, קעמפן און דערגרייכן צו דער וועלט, וואָס א. ניסנעוויטש האָט אויסגע'חלומט אין זיין „והיה באחרית הימים" . . .

**מ. פעלדמאַן.**

# שטריכן און זכרונות

אויף די ווענט פון מיין זכרון הענגען זייער ווייניק בילדער פון מיינע קינדער־יאָרן. עפּעס דוכט זיך מיר אז איך בין קיינמאָל קיין קינד ניט געווען. צו זיבן יאָר האָב איך שוין אָנגעהויבן לערנען גמרא. געלערנט בא מיין אייגענעם טאטן, א מלמד, וועלכער האָט געקוקט אויף א גמרא־אינגל ווי אויף א „דערוואקסענעם אידן". פאר א דער־וואקסענעם אידן פאסט ניט צו שטיפן, אומגיין „פּוסט־און־פּאס". ווער רעדט גליטשן זיך — גאָר מעשה שייגעץ. געדענקט זיך ווי אין די לאנגע ווינטער־אָוונטן, נאָכן פאנאנדערלאָזן דעם חדר, פלעגט ער מיך ערשט ארויפנעמען אויפן ווארעמען „אפּן אויוון", מיטנעמענדיק אהין דעם קעראָסין־לאָמפּ מיט דער גמרא, און — אזוי אָן עפּן טאָן מיט רחבות און א זאָג טאָן: „נו, אוורעמל, זאָג"! דאָס האָט געמיינט אז איך דארף זאָגן א בלאט גמרא אויף אויסנווייניק. דער אמת איז אז אָט־דאָס בלאט גמרא איז ניט געווען אומזיסט: ער פלעגט מיר צאָלן 5 קאָפּיקעס פאר יעדן בלאט. און דער אָפּמאך איז געווען — איך זאָל קענען אזויפיל בלעטער גמרא אויף אויסנווייניק, אז פון די 5 קאָפּיקעס א טאָג זאָל זיך אָנקלייבן גענוג אויף א ניי גארניטורל אויף פסח . . .

מיינע חברים לויפן דערווייל אהיים מיט די לאמטערנס, ווארפן זיך מיט שניי, פארהילכן די גאס מיט פריילעך געלעכטער — און איך מיטן טאטן זיינען זיך עוסק מיט אביא און רבא, בית הלל און בית שמאי, רב פּפּא און ריש לקיש. און אז איך האָב שוין אָפּגעזאָגט דאָס גאנצע בלאט אָן א סרחה פלעגן מיר זיך ערשט נעמען פארוויילן מיט א שפּיל, וואָס מיין טאטע האָט דערפונדן, כדי אויסצוגעפינען צי איך האָב ניט פארגעסן די פריערדיקע בלעטער: ער פלעגט א שטעל טאָן דעם פינגער אויף א פּונקט אין דער גמרא און פרעגן: אנו, אוורעמל, וואָס געפינט זיך, לאָמיר זאָגן, אף דף מא' עמוד א', פּונקט אף דעם פּלאץ וואו איך האַלט דעם פינגער. וויבאלד א שפּיל, פלעג איך זיך שוין רייצן מיט אים אז איך וועל גראדע יאָ טרעפן . . . און גלייך פלעגט זיך אויסשפּרייטן פאר מיינע אויגן דער עמוד א' ווי א לאנד־קארטע פון געאָגראפיע: דער שמאָלער אויבערשטער טייל ארומגעצוימט מיט

רשי און תוספות, מיט מהרם שיף און מיט מהרשא, אונטן צעגיסט זיך ווי א ברייטער טייך די אגדתא און פונקט אין דעם ווינקל, וואו דעם טאטנס פינגער שטייט, זע איך ווי רבא בר־בר חנא דערציילט זיינע פאנטאסטישע מעשיות . . . געטראפן! און דער טאטע צעשמייכלט זיך און זאגט: נו „שייגעץ" גיי שוין שלאפן! און איך האב טאקע פאר־דינט א גארניטורל מיט א ניי היטעלע דערצו.

* * *

דער „דערוואקסענער איד" איז שוין אלט עלף יאר. מיין מאמע נעמט מיך מיט א בעל עגלה אין בויד קיין מינסק — אין דער ישיבה. זי האט פאר מיר געקראגן עטלעכע „טעג" בא קרובים און באקאנטע און האט זיך מיט מיר געזעגנט: נא דיר, מיין קינד, 25 קאפיקעס און רב בצלאל, דער ראש ישיבה, וועט שוין אויף דיר אכטונג געבן. דו ביסט שוין א „פאלנע" מענטש. שטיף ניט, לערן זיך גוט — און דו וועסט אויסוואקסן א רב . . . וואס מיין מאמע האט געפילט דעמאלט — האב איך ניט געוואוסט. אבער בא דעם „דערוואקסענעם איד" האט אזוי פארקלעמט אונטערן לעפעלע . . . אבער איך בין פארבליבן אין דער ישיבה — א קליין מתמידל, וואס האט פארהילכט די שול מיט זיין לערנען. צום סוף זמן האט מען געמאכט א סיום, עס זיינען גע־קומען „בעלי בתים" — די מעצענאטן פון דער ישיבה און געסט, ראשי ישיבה פון אנדערע ישיבות. מען האט פארהערט די קינדער און איך בין אוועקגעפארן אהיים מיט א צעטעלע: טוב מאוד מאוד, ד. ה. אויס־געהאלטן דעם עקזאמען מיט גאר גוטע אויסצייכענונגען. אבער מיטן צעטעלע האב איך געבראכט אן אפגעצערטן גוף פון ניט דערעסן, פון וואלגערן זיך אויף די הארטע בענק פון דער „ווייבערשער שול", וואס זיינען געווען פול מיט באצילן . . . בין איך טאקע אין דער היים אפגע־לעגן אין בעט . . . פון היץ האב איך געלערנט גמרא אויף אויסנווייניק — באטאג און באנאכט. דאס גאנצע שטעטל איז געשטאנען אונטער די פענסטער און זיך צוגעהערט ווי אוורעמעלע חיה'ס, שוועבנדיק צווישן לעבן און טויט, לערנט גמרא אן אויפהער . . . מיין מאמע האט געקערט וועלטן: מיט סגולות, תחבולות און מיט דער הילף פון א סטודענט, וואס איז געקומען אויף „דאטשע", האט מען מיך אפגע־ראטעוועט.

* * *

ווידער אין מינסק און ווידער אין דער ישיבה, נאר שוין ניט דער

זעלביקער אווערמל . . . די ישיבה'ניקעס און אלע קלויזניקעס האָבן אויסגעפּונען א ווינקל, וואָס האָט געלאָקט און געצויגן מיט א וואונ־דערבארן כשוף. שטילערהייט פלעגט מען זיך אהין גנב'ענען, זיך ארומקוקן צי ס'באמערקט ניט דער משגיח, דער מנהל און — זיך אפילו געהיט פאר אומבאקאנטע ישיבה־בחורים. דאָס ווינקל איז געווען נייפאכ'ס העברעאישע ביבליאָטעק מיט די פּאָליצעס ביכער וואָס האָבן געוואונקען און גערופן צו אנדערע וועלטן: מאפו, פּרץ סמאָלענסקין, יהודה לייב גאָרדאָן, לעווינסאָן און ליליענבלום. ווי קוואלן אין א מדבר זיינען די דאָזיקע פּאָליצעס געווען פאר דער פאר־טריקנטער נשמה פון די יונגע ישיבה־בחורים. און איך האָב געטרונ־קען ווי א דאָרשטיקער, ארייגעזאפּט אין זיך די גאנצע השכלה־ליטע־ראטור. מיין נשמה האָט מיטגעזונגען מיט לוצאטי, ש. ל. גאָרדאָן, מאנע, דאָליצקי און טשערניכאָווסקי . . . איך האָב אָנגעהויבן צו שריי־בן אייגענע שירים אין דער „שפה היפה".

און דערווייל האָבן זיך געצויגן טעג פון הונגער, נויט, קעלט און פּעטש פון יודל דעם ראש ישיבה, פון ר' אברהם דעם משגיח . . . און די נעכט זיינען געווען רייך מיט איבערלעבונגען פון „אהבת ציון", „אשמת שומרון", „התועה בדרכי החיים און „חטאות נעורים" . . . איך האָב יעדן זמן געביטן אן אנדער ישיבה. דעמאָלט האָב איך באַ־געגנט אין דער קליינער טאָטערשער שול די ברידער ברוך און שמואל כּון דוקאָר. ברוך איז שפּעטער אויסגעוואקסן אין וואלאדעק, דער „יונגער לאסאל", מיט וועמען איך בין געזעסן צוזאמען אין מינסקער טורמע. און פון שמואל איז געוואָרן ש. ניגער, דער באוואוסטער קריטיקער.

* * *

ארויסצושלעפּן די יונגע אידישע בחורים פון דער ישיבה און „אויסהאקן פאר זיי א פענצטער אין איראָפּע" האָבן אויף זיך דעמאָלט גענומען די ברידער גערשוני. איינער פון זיי, גריגאָרי גערשוני, איז שפּעטער בארימט געוואָרן ווי דער פירער און לעבעדיקער גייסט פון דער „באָיעוואיא אָרגאניזאציע" פון דער פּארטיי סאָציאליסטן־רעוואָלוציאָנערן. זיי האָבן געגרינדעט א קרייז פון גימנאזיסטן „רעאַלניקעס" (שילער פון דער רעאַל־שול פאר אינזשענירן) און „גאָ־ראָדסקאָיניקעס" (שילער פון דער שטאָטישער מיטלשול), און די אלע האָבן מיט איבערגעגעבענעם ברען גענומען ארייגציען די קלויזניקעס

— לערנען מיט זיי רוסיש פריי. מיט גרוים דרך ארץ און מיט ליב־שאפט האָבן מיר געקוקט אויף אָט־די לערער און ממש געשלונגען די כרעסטאָמאטיע, די גראמאטיקע, די מאטעמאטיק און געאָגראפיע. און אז מען האָט שוין געקאָנט לייענען א רוסיש בוך — וואָס פאר א ברייטע וועלט עס האָט זיך געעפנט! פושקין, לערמאָנטאָוו, נעקראסאָוו, ניקיטין: מיין שווערער לעבנס וועג האָט געפונען א קרוב, א נאָענטן אין דעם שווערן לעבן פון רוסישן פויער . . . און אז מען האָט נאָך אָנגעהויבן לייענען טאָלסטאָי און גאָרקי האָט זיך דער קלויזניק אינ־גאנצן צוריקגעצויגן . . .

* * *

געקומען אהיים אין מיין שטעטל פוכאָוויטש האָב איך דערזען, אז די זעלבע ארבעט וואָס די גערשונים האָבן געטאָן אין מינסק, האָט בא אונז געטאָן דער אפטייקער קליאטשקאָ. א רעוואָלוציע אין שטעטל: מען לערנט און מען לייענט רוסיש. ס'איז שוין דאָ א רוסישע ביב־ליאָטעק — האלב פארשטעלט: ביבליאָטעקן אין יענער צייט האָבן זיך גערעכנט פאר נעסטן פון „קראמאָלע" . . . די שטעטלשע אינטעליגענץ איז געווען צופרידן מיטן נייעם רעקרוט, און איך האָב געקראָגן ביכער צו לייענען. און אָט אזוי פלעג איך אוועק פון יענער זייט טייך אויפן בארג מיט טורגעניעווס „פאָטער און קינדער", „נייערד" און „רודין". און אז איך האָב זיך באפריינדעט מיט פיסארעוון און בעלינסקין און זיך אינטים צוזאמענגעגאָסן מיט זייער וועלט, האָט זיך מיר געדאכט, אז זיי ליגן דאָ מיט מיר אויפן בארג, ווערן געגלעט פון די ווינטעלעך וואָס טראָגן זיך פון טאָל און טייך, און פארטרויען מיר אזעלכע שיינע סודות פון לעבן . . . דעמאָלט האָט זיך מיר געדאכט, אז אונזער שטעט־לשער בארג איז העכער געוואָרן. און איך קוק מיט צעעפנטע אויגן אויף די פויערשע פעלדער, וואָס שפרייטן זיך פאר מיר, אויף מיין שטעטעלע . . . און אלץ טראָגט אויף זיך דעם חותם פון א נייער ערד, נייע הימלען און נייע כחות וואָס קוועלן אין מיין נשמה . . .

* * *

עס איז געקומען דאָס יאָר 1902 מיט די סטודענטישע אומרוען און מיט דער צארישער „בארואיקונג" פון די סטודענטן, וואָס דער צארישער סאטראפ, מיניסטער פון דערציאונג, סיפיאגין, האָט דורכ־געפירט. דאָס גאנצע לאנד איז אויפגערודערט געוואָרן. פאר פאר־לאנגען אקאדעמישע פרייהייט האָט דער מיניסטער פון דערציאונג באשטראָפט מיט שמיץ! די לופט איז אָנגעפילט געוואָרן מיט נקמה.

די ווינטעלעך פון טייך און טאָל האָבן אָט־די שטימונגען אויך געבראכט צו מיר: איך האָב לייכטער אָפּגעאָטעמט, ווען די טעראָריסטישע באָמבע האָט געטראָפן סיפּיאגינען . . . און איך, דער אידישער בחור, האָב אָנגעהויבן זוכן און זיך גריבלען אין די טיפענישן פון די געשעענישן: געלייענט „אנדרעי קאָזשוראוו", „רעוואָלוציאָננאיא ראָסיא", ביז איך בין דערגאנגען צו דער „איסקרא" און „ארבעטער שטימע" און „אי־דישער ארבעטער". און דאָ בין איך צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן געקומען אין בארירונג מיט מיין מאמע־לשון אידיש. און פון א רו־סישן רעוואָלוציאָנער בין איך געוואָרן א אידישער סאָציאַליסט.

מיין ברודער דניאל, א קירזשנער, האָט מיר געהאָלפן צוזאמענ־ברענגען די אידישע בעל־מלאכה'ס און — וואונדער איבער וואונדער! זיי גייען צו קרייזלעך, הערן זיך צו, זאפּן אין זיך אריין דעם תוך פון דער רעוואָלוציע — קאמף פאר א נייער וועלט, פאר סאָציאליזם, מיט דעם אָרגאניזירטן באוואוסטזיניקן כח פון ארבעטער־קלאס. איך געווין איבער אויף מיין זייט א פּאָר אינטעליגענטן און מיר שטעלן איין פאר־בינדונגען מיט מינסק. אונזער שטעטל ווערט דער צענטער פון ראיאָן מיט א גוטער „בונדישער" אָרגאניזאציע. איך אָרגאניזיר א אידישע ביבליאָטעק און ווער טאקע אליין דער ביבליאָטעקער און בעסטער לייענער. ערשט איצט בין איך געקומען צו די קוואלן פון דער אידי־שער פאָלקס נשמה. לינעצקי, ספּעקטאָר, דינעזאָן, מענדעלע, שלום עליכם — זיי האָבן מיך דערנענטערט צו מיין פאָלק, צו די מאסן. נאָך אלע מיינע גלגולים האָב איך ערשט איצטער זיך גענומען בא־העפטן מיט מיין פאָלק — פאר דער באפרייאונג פון מיין פאָלק און אלע אונטערדריקטע.

*   *   *

זומער 1904. איך בין ווידער אין מינסק. מינסק איז א שטור־רעם־צענטער פון רעוואָלוציאָנערער באוועגונג. אין אונזערע קרייזלעך שטודירט מען דעם וויסנשאפטלעכן סאָציאליזם — היסטאָרישן מא־טעריאליזם, דיאלעקטיק און פּאָליטישע עקאָנאָמיע. איך לייען אידישע און רוסישע ליטעראטור. איך שרייב לידער אין אידיש און ווער בא־קאנט אלס „אברהם דער פּאָעט". איין ליד מיינע, א רעוואָלוציאָנערע דעקלאמאציע, ווערט באליבט בא די מאסן. אויף א פארשטעלטער חתונה (פּשוט א מאסן־פארזאמלונג. אָבער מיט קלעזמער, טענץ און א וועטשערע) האָבן מיך חברים אויפגעהויבן אויף די אקסלען, און איך

האָב אזוי באגייסטערט דעם עולם מיט דער דעקלאַמאַציע, אז קיינער האָט ניט באַמערקט ווי דער פּריסטאַוו און פּאָליציי האָבן זיך אריינגע־ריסן און גלייך זיך א לאָז געטאָן צו מיר. מען האָט מיך אָבער באַלד ארויסגעשטופּט דורך א הינטער־טיר . . .

אין יענעם זומער האָב איך איבערגעלעבט איינעם פון די איינ־דרוקספולסטע מאָמענטן אין מיין לעבן: א גרויסע מאסן־פארזאמלונג אין ארכיעריייסקען וואַלד מיט א פייערונג לכבוד דעם אמסטערדאַמער אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס — דער הויך־פונקט אין דעם לעבן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. עס וועט אויף אייביק פארבלייבן דער איינדרוק פון דורכגיין די צעשטעלטע פּאַטרולן, דאָס ארויסשעפּטשען דעם „פּאַראָל" און דאָס שלייכן זיך באַנאַכט אין טיפן וואַלד צו דעם געהיימען פּונקט פון דער פארזאמלונג. פּאַרטאָג, מיט די ערשטע שטראַלן פון דער זון און געזאַנג פון פייגל, האָט דער גרויסער רעדנער „מאַקסים" געהאַלטן איינע פון די שענסטע און שטאַרקסטע רעוואָלו־ציאָנער־סאָציאַליסטישע רעדעס. אידישע ארבעטער, בחורים און מיידלעך פון די באַרימטע „מינסקער בלאָטעס", פון די ענגע אָרעמע געטאָ־געסלעך ארום דעם אַלטן מאַרק, פון די פארשטיקטע ווארשטאַט־לעך — האָבן, צוזאַמען מיט דער פרישער מחיה'דיקער לופט פון א וואַלד־פּאַרטאָג, איינגעזאַפּט אין זיך דעם אָנזאָג פון א נייעם פרייען מאָרגן, וואָס וועט קומען אין א וועלט פון סאָציאַליזם.

* * *

הארבסט 1904. איך קום אהיים מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור, מיט עטלעכע „שפּייערס" (רעוואָלווערן), עטלעכע קינזשאַלן און — מיר הויבן זיך אָן „באוואַפענען". איך העקטאָגראַפיר אָפּ פּראָקלאַ־מאַציעס, טו אָן די גרויסע שטיוול מיט די לאַנגע כאָליעוועס, נעם זיך א „שפּייער" און גיב בערל דעם שוסטער איינעם און מיר לאָזן זיך אוועק איבער די בלאָטעס פארשפּרייטן פּראָקלאַמאַציעס. מיר פאַר־שפּרייטן אויך פּראָקלאַמאַציעס צווישן די פּויערים אין די דערפער. די הינט בילן און — מיר טוען זיך אונזער ארבעט.

אונזער פּרעסטיזש וואַקסט איבערן גאַנצן ארום. פון אידן איז אָפּגערעדט. מען רופט מיך דער „קייסער", און א באַפעל פון דער אָרגאַניזאַציע ווערט פּינקטלעך אויסגעפאָלגט. אָבער אויך די פּויערשע באַפעלקערונג קריגט צוטרוי צו אונז. מען הויבט אָן קוקן אויף אונז

ווי אויף פריינט. עס יאוועט זיך אפילו א פויער מיט אַנקלאגעס און קריוודעס אויפן פריץ און מאָנט בא אונז יושר. האָבן מיר געשיקט מיט א „שטאפעט" א בריוו צום פריץ — ער זאָל קומען צום „סוד" (געריכט) און — ער איז געקומען. איך, „כאיקין סין", ד. ה. חיה׳ס זון, בין געווען דער פּאָרזיצער פון „סוד". די אויספאָרשונג איז גע־פירט געוואָרן מיט עדות און האָט גע׳פסקנט דער פריץ זאָל אָפּגעבן דעם פויער וואָס אים קומט. און דער פריץ האָט געפאָלגט.

עס דערמאנט זיך א פאל. מיר פארזאמלען זיך אין א הויז און איך נעם פאנאנדער א בראונינג אויף שטיקלעך, כדי זיך צו באקענען מיט זיין געבוי. און אָט איז שוין דער בראונינג צוריק א לעבעדיקער, איך לייג אריין די קוילן, טו א צי דאָס צינגל . . . א קנאל, א רויך און א געשריי פון מיין בעסטן חבר, געוועזענער קלויזניק, שמערל דעם קצב׳ס . . . מיר לויפן צו אים צו — ערשט די קויל איז פארביי־געפלויגן זיין שטערן און האָט א סמאליע געטאָן זיין הויט.

* * *

די רויטע טעג פון יאנואר 1905. די פּעטערבורגער מאסן זיינען ארויף אויף דער ארענע פון דער רעוואָלוציע. א שטורעם האָט זיך דורכגעטראָגן איבער גאנץ רוסלאנד. איך בין אין מינסק און פיל אז די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן. איך שטעל זיך אוועק מיט א פעקל פראָקלאמאציעס בא דער גרויסער געביידע פון דער סעמינאריע און טייל זיי אויס צו די פארבייגייענדיקע — אינמיטן העלן טאָג. מען צעכאפּט די בלעטלעך, מען קוקט זיך ארום און מען לויפט ווייטער. פּלוצלונג קומט אָן א פּאָליציימאן און ארעסטירט מיך. סיי אין „אוט־שאסטאָק" סיי אין דער „זשאנדארמסקאָיע אופּראוולעניע" האלט איך זיך בא איינעם: איך בין א רעוואָלוציאָנער, בין איך, הייסט עס, א מלחמה־געפאנגענער, ניט קיין פארברעכער. און אָט בין איך שוין אין מינסקער טורמע, באגלייט מיט א פּראָטאָקאָל פון פארברעכנס, פאר וועלכע איך קען באשטראָפט ווערן מיט 3 יאָר טורמע אָדער 5 יאָר פארשיקונג. פריער ווער איך געהאלטן אין „אָדינאָטשקע" (איינצל־קאמער) און שפּעטער ווער איך אריבערגעפירט צו די איבע־ריקע פּאָליטישע ארעסטאנטען. איך באקען זיך מיט וולאדעקן, מיט קאָליא טעפּער און מיט דוד קאסעלן, א בערשטער, וועלכער איז גע־וואָרן אן אָנגעזעענער שרייבער. די טורמע איז געווען אן אמת׳ער אוניווערסיטעט פאר פּאָליטישער דערציאונג. מיר האָבן געקראָגן פארשיידענע ביכער און אפילו אומלעגאלע ליטעראטור.

מיט די עטלעכע בלעטלעך זכרונות און שטריכן פארענדיק איך דערווייל אָט־די קאפיטלעך פון מיין לעבן. אפשר בא א צווייטער געלעגנהייט וועל איך זיך אומקערן צו מיינע 9 חדשים טורמע, באפריי־אונג, עקספראָפּריאציעס, באגעגענישן מיט לייוויקן, מ. טייטש, ש. עפּשטיין, פארשיקונג און — א ויברח פון אונטער די הענט . . . די אָנגעקומענע שווערע רעאקציע. מען לאָזט זיך אוועק קיין אמעריקע און מען קומט קיין קאנאדע — איבערווארטן ביז א נייער שטראָם פון רעוואָלוציע וועט אָנקומען. און — די גרויסע רעוואָלוציע איז געקור־מען. עס איז פארווירקלעכט געוואָרן א גרויסער חלום.

דערווייל בין איך באהעפט געוואָרן צו קאנאדע און צום אידישן ישוב דאָ, וואו עס ווערט געשפּינט דער זעלביקער גרויסער חלום.



# אַ פּאָר ווערטער וועלכע בעטן זיך צום אויסדרוק

איך וויל זיך דאָ מודה זיין אז ס'איז אלע מאָל געווען בא מיר וואך דער פארלאנג צו זען מיינע לידער געזאמעלט אין א בוך; איך האָב געפילט, אז לידער צושפּרייטע איבער פארשיידענע אויסגאבן — זיינען ווי צעוואָרפענע גלידער וועלכע צאפּלען זיך באזונדער מיט א שטילן ציטער, אָבער זיי האָבן ניט די גאנצקייט פון דעם גוף פון דיכטער, וואו מען זאָל קענען פילן זיין פולסירנדיקן אָטעם; און געווים קענען די ציטערדיקע גלידער ניט געבן קיין באגריף פון די גייסטיקע רעגונגען פון דעם דיכטער'ס נשמה . . .

איך בין אָבער אלע יאָרן געווען ענג פארבונדן מיט קולטורעלער ארבעט—און האָב געוואוסט דעם טרויעריקן אמת אין וואָס פאר א שיפלות עס איז אריינגעוואָרפן געוואָרן דאָס אידיש בוך, און באזונדער דאָס אידיש לידער־בוך. איך האָב געוואוסט פון ביכער וועלכע ליגן אויף פּאליצעס ווי יתומים אף וועלכער קיינער וויל זיך ניט אומקוקן . . . איך האָב געוואוסט פון נאָך ערגערס: מען קען ניט אָפּזאָגן דעם פארקויפער און מען נעמט דאָס בוך א היים און מען פארווארפט עס אין א ווינקל ווי א שמאטע . . .

איך האָב אויך געוואוסט פון „קאָמיטעטן" וואָס נעמען זיך אונטער פארשפּרייטן א דיכטער'ס בוך ניט ווייל זיי ווילן באריכערן דאָס אידישע קולטורעלע לעבן נאָר ווייל זיי האָבן רחמנות אפן דיכטער און ווילן אים צוואווארפן אביסל צדקה . . . האָב איך באשלאָסן: איך וועל אויסמיידן אָט דעם ביטערן כוס . . . אין מיין הארצן האָט געטליעט א האָפענונג אז דאָס אידישע בוך און דאָס אידישע ליד וועלן ארויס פון אָט דער שיפלות און וועלן קומען צו זייער חשיבות . . .

און איך האָב זיך דערוואַרט!

מיט דעם אויפקום פון דעם „איקוף" האָט זיך א נייער, פרישער

רוח־חיים צעטראָגן איבער די פאַרדאַרטע בייטן פון אונזער קולטור־גאָרטן; אידישע מענער און פרויען גרינדן לייען־קרייזן און צערטלען מיט ליבשאפט דאָס געדרוקטע אידישע וואָרט; דער אידישער שרייבער איז געוואָרן חשוב; מען באציט זיך צו אים מיט ליבע, מיט פּיעטעט. מען האָט צו אים טענות, מען מאָנט פון אים — אָבער מען קוקט צו אים ארויף ווי צו א לערער און וועג־ווייזער . . .

„איקוף"־צווייגן און אָרגאַניזאַציעס, וועלכע שטייען אונטער דער השפּעה פון „איקוף", גיבן ארויס ביכער פון שרייבער. און ווען א בוך דערשיינט — מאכט מען א יום־טוב; דער שרייבער ווערט אויפגענומען מיט ליבע, מען רעדט וועגן זיין בוך, מען פאַרקויפט זיין בוך בא זיינע לעקציעס, בא פאַרזאַמלונגען. ניט צדקה, ניט רחמנות, — נאָר א קולטורעלע ארבעט.

אין אָט דער אטמאָספערע פון קולטורעלן איבערגעבונג וואָס דער „איקוף" האָט ארייגעבראַכט אין אידישן לעבן; אין דער אטמאָספערע וואָס ברענגט דערהויבונג צום אידישן פאָלקס־מענטש און שאפונגס־ווילן צום אידישן שרייבער — אן אטמאָספערע אין וועלכער איך בין ארייגעוואַקסן מיט אלע מיינע רמח איברים — פיל איך זיך גליקלעך וואָס דער ברענטש 1 פון טאָראָנטאָר לייבאָר ליג, דער טאָראָנטאָר צווייג „איקוף" און דער אויספיר־קאָמיטעט פון קאַנאַדער „איקוף" האָבן מיר צוגעטיילט דעם כבוד ארויסצוגעבן א טייל פון מיינע לידער אין א בוך. ניט ווי יתומים וועלן זיין מיינע לידער, נאָר ווי אָנגעלייגטע געסט אף דער סעודה פון דער וואַקסנדער אידישער ליטעראַטור.

איך דאַנק די מיטגלידער פון דעם קאָמיטעט פון די דריי אָרגאַניזאַציעס וועלכע האָבן זיך באטייליקט אין דער דאָזיקער ארבעט.

מיין הארציקסטן דאַנק דריק איך אויס צו דעם חשובן חבר און לערער משה פעלדמאַן, דעם פאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט, וועלכער האָט מיט אזא חברשאפט מיט אזא ליבשאַפט און איבערגעבנהייט געאַרבעט אף דעם צונויפשטעל פון בוך.

ווי נח האָט ארויסגעשיקט די פלאַטערדיקע טויב פון דער תבה צו געפינען א צייכן אז דער מבול איז פאַראיבער — אזוי שיק איך

ארוים מיינע ציטערדיקע לידער אין דער וועלט אריין, האָפנדיק מיט מיין גאנצן הארצן אז אויך זיי וועלן געפינען א צייכן אז דער איצטיקער בלוטיקער מבול וועט פאָראיבער, און דער טריאומף פון גערעכטיקייט איבער רשעות וועט מיט אלע קאָלירן פון רעגן־בויגן באשיינען א נייע פרייע, גליקלעכע ערד . . .

מיט דרך־ארץ:

**א. ניסנעוויטש.**

טאָראָנטאָ, סעפּטעמבער דעם 23־טן, 1942.

# צוויי שוועסטער

שוין יאָרן ווי יעדן פרימאָרגן,
ווען איך צו דער ארבעט זיך יאָג —
צוויי מיידלעך מיר קומען אנטקעגן
און איילן פארביי יעדן טאָג.

די מיידלעך — זיי זיינען צוויי שוועסטער,
ווי טראָפנס געראָטענע צוויי.
און גלייך בא דער ערשטער באגעגעניש
גערירט מיין הארץ האָבן זיי.

זיי זיינען צוויי ארבעטער־מיידלעך,
און האָבן א מזל ווי איך:
דער מאָרגן — ער רייסט זיי פון שלאָף אויף
און יאָגט זיי פון הויז ארויס גיך.

די זון מעג זיך לייכטן ווי פרידלעך,
די פייגעלעך זינגען פון ווייט —
די מיידלעך באמערקן קיין זאך ניט,
זיי מוזן אין שאפ זיין אין צייט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

אומבאמערקט, דערווייל עס לויפט זיך
די צייט אויף איר גרויזאמען וועג,
און עס וואקסן אין בוך פון די יאָרן
די בלעטער פון איינצעלנע טעג.

און ס'לויכטן שוין זילבערנע פעדים
בא איינער פון אונטער דער הוט.
די צווייטע בייסט אָפט שוין די ליפן —
עס זאָל זיך נאָך רויטלען דאָס בלוט.

דער שטעמפל דאָך לייגט זיך אלץ שווערער
אויף לעבנס פארגאנגענע טעג
און לאָזט ניט מאסקירן די צייכנס
פון שווערן און דאָרנדיקן וועג.

און פינקטלעך ווי ווייזערס פון זייגער
מיר טרעפן זיך אימער אין צייט.
און שטומע זיי איילן פארביי מיר —
עס רופט זיי די ארבעט פון ווייט.

די מיידלעך זיי זיינען מיר פרעמדע,
דאָך בינדט אונז דער מאָרגן־מאָמענט,
און ס'דוכט מיר: איך ליב זיי די שוועסטער,
מיר זיינען אינטים גאָר באקענט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

און צייטנווייז אן אומרו פארכאפט מיך,
ווען איך זע ניט די צווייען פארביי.
איך פיל ווי עס דריקט און עס נאָגט מיך:
ווי א ברודער בין איך זיי געטריי.

וואָס האָט דאָרט געקאָנט איצט פּאַסירן?
ווי פילן די מיידלעך די צוויי?
און ס'מאָלט דאָרט פאַרצווייפלטע בילדער
מיין מח: וואָס איז דאָרט מיט זיי?

נאָר אָט זע איך ווידער די שוועסטער —
מיר דוכט זיך — נאָך מונטער געזונט.
און איך פיל ווי עס וואָלט זיך פאַרהיילן
אין הארצן א שניידנדע וואונד.

אזוי קומט עס פאָר שוין פון יאָרן:
איך קען באַלד די שוועסטער ווי זיך.
זיי קומען מיר אויס ווי א שפּיגל,
וואָס צייגט מיר מיין אייגענעם איך.

און יעטוועדער קנייטש אויפן פּנים,
וואָס צייט לאָזט נאָר איבער בא זיי,
צעאַקערט מיין אייגענע נשמה
און לאָזט אין מיין הארצן א וויי.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

איך לייען אָט־די גרויזאַמע צייכנס
און אומעטיק טריב ווערט מיין בליק.
אָ, שוועסטער! איר דערציילט מיר פון וועלקן,
פון א לעבן אָן פריידן, אָן גליק.

די טרוימען — זיי ווערן פארשוואונדן . . .
די האָפענונגען, וואָס וואונקען פון ווייט . . .
און קרעפטיק עס האלט מיך געפאנגען
דער אייביקער שונא — די צייט . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

# אין דער פרעמד

. . . אויסגעטראָטן אין דעם טומל
פון די גאסן אלע שטיינער.
זיך מיט טויזנטער באגעגנט
און געבליבן איינער.

ניט באהעפט זיך נאָך צום באָדן,
נאָך קיין וואָרצלען ניט געשלאָגן.
גייט ארום א פרעמדער איינזאם
אין מחשבות׳ן פארטראָגן . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

# בענקשאַפט

שטיינער פון די גאסן,
הארטע און פארשפיצטע,
פון הייסער זון צעגליטע.
אויף אייערע שארפן
טרעטן מיינע מידע פיס.

. . . מיינע יאָרן — — — — —
גארבן פארשניטענע
אויף פעלדער פון לעבן . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען זילבער באדעקט שוין מיין קאָפּ
זאָל איך ערשט ציילן מיינע טריט
די פארלאָרענע
אויף אייערע שפיציקע שארפן?

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

. . . טרוימען, מיינע טרוימען,
געוועבט אין מיין יוגנט!
רויטע שטורעמדיקע טעג
פון ברויזנדיקן קאמף!
שפרייט אויס פאר מיר אייער יוגנטלעכן אָטעם!
אייער זינגענדיקן ריטם!
אויף די פארשפּיצטע שטיינער
פון מיין לעבנס וועג . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

# אומרו

אומרו פון מיין הארצן —
ווי א פויגל פלאטערט ער,
הינטער גראטעס אייזערנע,
פון בענקשאפט א פארמאטערטער.

ערגעץ שפרייט א הימל זיך,
א קלאָרער, א געלייטערטער:
איז ער א געפאנגענער,
פון לעבן א דערווייטערטער.

אומרו פון מיין הארצן
קלאפט אוים די טעג פארשוואונדענע.
פאלן זיי אין פינצטערניש,
צאפלען זיך געבונדענע . . .

# מיינע לעבנס טעג

ווי די בלעטער פון א בוים
זיינען מיינע לעבנס טעג:
אָט צעבליט אין מיר א טרוים,
אָט פארוועלקט מיין לעבנס־וועג . . .

ציטערדיקע בלעטער־טעג
פון ווינטעלעך פארוויגט.
קומט דער הארבסט מיט שווערער זעג . . .
ליגן זיי צעפליקט . . .

# אונטער הימלען שווער ווי בליי...

אונטער הימלען שווער ווי בליי
שיינט די זון אזוי געטריי.
וואָס־זשע דריקט מיך אזוי שווער?
און אין אויגן שטייט א טרער?

וואָס־זשע גליווערט מיך א קעלט?
פארוואָס איז אומעטיק מיין וועלט?
ס'איז דער ווינטער דאָך פארביי:
שוין איז זומער, שוין איז מאי . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

גיב מיר, פריינט, דיין האנט:
שווער איז שטיין אליין באם ראנד . . .

# והיה באחרית הימים...

און קומען אמאָל וועט א צייט,
ווען הערשן וועט מער ניט די שווערד.
און מענטשלעכע טרערן און בלוט
וועט מער שוין ניט טרינקען די ערד.

פאראומערן וועט מער ניט די לופט
דער יאָמער פון מוטער און קינד.
מיט קרעכצן פון גוסס־ער ברוסט
וועט מער זיך ניט שפּילן דער ווינט.

די זון וועט דאן ליכטיק און העל
באשטראלן א גליקלעכע וועלט.
און הערשן וועט פרידן און גליק
אין האַרעפּאשנעם מענטשן־געצעלט.

פארקלאָגט וועט ניט זיין קיין געזיכט,
און שמייכלען וועט אלעמענס בליק.
די מענטשהייט דערלייזט און באנייט
געניסן וועט רואיק איר גליק.

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

וועט קומען אמאָל אזא צייט?
דער צווייפל — ער דריקט ווי א בליי . . .
דאָך קומען וועט פאָרט יענע צייט —
איך בלייב צו מיין גלויבן געטריי!

# האָפענונג

און אַז פינצטער איז די נאַכט —
שרעק זיך ניט, מיין קינד, און טראַכט:
גייט דער וואָלקן נאָר פאַרביי,
ווער דער הימל ווערן פריי,
און אַ שטערן וועט פאַרטראַכט
גריסן דיר פון שטילער נאַכט.

און ווען שטורעמדיק איז נאַכט
און אַ דונער זיך צעקראַכט —
שרעק זיך ניט, מיין קינד, און זאָג:
קומען וועט דאָך באַלד דער טאָג,
און די זון וועט שטילערהייט
ברענגען אונז פיל גליק און פרייד.

# בײַם ים

מײַן האַרץ, ווי דער ים,
אין שטורעמס געפֿאַנגען.
דאָרט פֿלאַטערן זעגלען
ווי מײַנע פֿאַרלאַנגען.

צעשטורעמטע כוואַליעס,
ווי מײַנע געפֿילן.
זיי יאָגן זיך האַסטיק
אין שווימענדיק שפּילן.

צעשטורעמטע כוואַליעס —
אָן זין און אָן ווילן:
מײַן רודער — ער פֿירט מיך
צו געוואונטשענע צילן.

# בין השמשות

עס לעשט דער טאָג זיך אוים.
די זון באם הימלס ראנד —
ווי א דערשטאָכענע,
אין אייגן בלוט באפארבט,
אין טיפן קבר פאלט . . .

און וואָלקנס פינצטערע,
ווי שווארצע פלעדערמייז,
מיט פליגלען אויסגעשפרייט —
קומען מחנות־ווייס
און הילן אלץ ארום . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

. . . נאָר שטערן־דימענטלעך
באלד צעפינקלען זיך:
האָט הימל אויפגעוואכט
מיט טרייסט און האָפענונג.
אין פינצטערקייט פון נאכט.

# ביסט ניט איינזאַם

ביסט ניט איינזאַם, מענטש!
אויף יעדן טראָט און שפּאַן
איז אַ ברודער פֿאַראַן
מיט אויסגעשטרעקטער האַנט:
גיי מיט אים באַנאַנד.

זײַ ניט טרויעריק, מענטש!
די זון — פֿאַר דיר זי שײַנט,
באַשטראַלט דײַן הײַנט.
און אין דײַן מאָרגן
איז אַ סך פֿרייד פֿאַרבאָרגן.

# אָוונט

אָוונט. שאָטנס שטילע
וויקלען זיך אין שווייגן.
ווינטלעך קילע
סוד׳ען זיך מיט צווייגן.

שלאָפן גאסן.
דרימלען שוין די שטערן.
נעבל בלאסער
וועקט אין דיר באגערן.

# איינוואוינער פון טאָלן

איינוואוינער פון טאָלן
אין שטילער זאטער רו.
קאָרן פירט מען מאָלן.
מילך זיי גיט די קו.

טוט א ציַ צום הויכן
שניי־באדעקטן בארג:
ווילן שפּיץ דערגרייכן,
זיך שטעלן אויף זיין קארק.

און דורך שמאָלע וועגן
גייט טאָל צום הויכן שפּיץ . . .
מיט ברוסט דעם ווינט אנטקעגן
מיט קאָפּ אנטבלויזט צום בליץ.

# אַ פֿרימאָרגן

אויפֿגעכאַפּט האָט זיך דער מאָרגן
מיטן שלאָף נאָך אויף די אויגן.
קאָלדרעס־כמאַרעס פֿון זיין קערפּער
האָט ער שנעל אַראָפּגעצויגן.

אויסגעמאָסטן זיך די גלידער
פֿון אַרויף און ביז אַרונטער.
האָט צעשמייכלט זיך מיט שטראַלן,
האָט צעלויכטן זיך מיט צונטער.

האָט אַ באַרג־שפּיץ אים אַנטקעגן
זיך צעגאָלדיקט — רויט ווי פֿייער . . .
האָבן פֿייגל זיך צעזונגען:
עס קומט אַ טאָג אַ נייער.

# האַרבסט

שטייען ביימער, ריזן הויכע,
מיט קעפּ צום הימל שטאָלץ.
פליסט סוף־זומערדיק לעבן
אין אָדערן פון האָלץ.

מוז דער זומער זיי פארלאָזן . . .
די ביימער — זיי האָבן אים האָלט:
שפּרייטן זיי פאר אים מיט ליבשאפט
בלעטער — טעפּיכער פון גאָלד.

שטייען ביימער ווי פארטרויערט
מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ.
קומען ווינטן זיי צו טרייסטן,
קעמען זיי די צעפּ . . .

ווילן ביימער זיך ניט טרייסטן,
באהאלטן טיף דעם וויי.
און זייווארטן אויף דעם זומער
איינגעהילט אין שניי . . .

# ערשטער שניי

שניי איז אויסגעפאלן.
קינדער יובלען שאלן.
אייגעלעך ווי זונען
האָבן גליק געפונען.

שליטלעך נייע, אלטע
שניידן שניי און שפאלטן . . .
קירעווען און דרייען
אין די פרישע שנייען.

פארגעסן קעלט אינגאנצן —
קינדער טופען, טאנצן.
שניי שווין ביז די קניען . . .
בעקלעך פלאמען, גליען.

# אידיליע

אָוונט קומט מיט ווינטלעך קילע
מיין געליבטע צו פארזויגן.
איך — מיט ווערטער שטילע,
מיט געטרייע בליקן.

און פון הימלדיקע טיפן
שטערן ציטערדיקע וואכן
איבער אונזער שטיפן,
איבער אונזער לאכן.

אין פינצטערנישן דיקע
הילט די נאכט אונז איין.
לייכטן אונזערע בליקן
אין פארגעסנקייט פון זיין.

# אָקטאָבער 1917

רייסט ארונטער פון די שטערנס
אלטע הויט מיט קנייטשן . . .
הויקערס ווארפט פון פלייצעס!
אויף די פערד די הייסע
מיט אָנגעשטייפטע לייצעס.

גאלאָפּ, גאלאָפּ, גאלאָפּ!
העכער האלט דעם קאָפּ!
מחנות ציען זיך מיט פאָנען,
מיט באגנעטן און קאנאָנען:
מיט בלוטן אויפגעקאָכטע . . .
פעלקער אויפגעוואכטע
גיסן זיך צוזאמען
אין די רויטע פלאמען . . .

# רויטע טעג

מיט פלאַם פון מוט געצונדן,
געפאַרבט מיט רויט פון פרישע וואונדן,
רויטע טעג ברענען מיט פּראָלעטאַרישן צאָרן:
דער קאַמף — ער טאָר ניט גיין פאַרלאָרן!

מיט טורמעס, קייטן און פאַרשיקונג
וועט פיינט אונז קיינמאָל ניט דערשטיקן!
העכער, העכער וועט פרייהייט־פאָן זיך הויבן
און שטאַרקער וועט זי שמידן אונזער גלויבן.

העי, שוואַכע און מוטלאָזע! פאַרקריכט אין די קעלערס . . .
און טרייסלט זיך אָפּ פונם קאַמף וואָס שנעלער!
די שלאַכט די לעצטע און בלוטיקע
וועלן געווינען קעמפער מוטיקע!

פראָלעטאריער, ענגער די רייען!
שטעלט זיך אויס אין צווייען!
צום קאמף ווי קריגער!
פון קאמף — ווי זיגער!

# ניו יאָרק - 1932

וואָל־סטריט פעסטונגען
הויבן זיך ווי ריזן,
שטעכן ־גאווה־דיק די וואָלקנס
מיט פיל־גאָרנדיקע שפּיזן.

רוישן די עלעוויי טערס,
שרייען איבער גאסן.
אין דער טיף די סאָבווייס
אָנגעפּאקט מיט מאסן.

הונגער אין די סקווערן
שטעכט מיט רייד פון צאָרן:
וואָל־סטריט קוקט דערשראָקן,
וואָל־סטריט שטייט פארלאָרן.

שטעכן רייד מיט צאָרן,
שרייען פון פּלאַקאַטן.
פיבערט שטאָט מיט קאַמפן,
פיבערן מאַגנאַטן.

וואָל־סטריט פעסטונגען
הויבן זיך ווי ריזן.
שיקט דער הונגער קללות
צו הויכע גאָלד־קאַרניזן.

# פּראָלעטאַרישע אידיליע

פינקלט זון אויף ווייסן שניי,
בליצט דער שניי מיט פונקען.
סטרייקער-מיידלעך, פּיקעטס צוויי
אין דימענטן געטונקען . . .

און אין פינקלדיקן שניי
גייען שעה'ן לאנג ארום
סטרייקער-מיידלעך, פּיקעטס צוויי —
קאלט איז שניי און שטום . . .

שטום איז גלאנץ פון שניי און קאלט,
ווי דאָס שווייגן פון פאבריק . . .
בייזע סודות זי באהאלט . . .
דראָענדיק איר בליק . . .

# מיט בליקן פֿאַראויס...

שפּרייט ניט קיין אומעט,
אַז אַלץ איז פֿאַרלאָרן:
ס'איז בלויז אויף אַ ווײַלע
פֿינצטער געוואָרן.

פֿון חורבֿות אַ בת־קול
וועט לאָזן זיך הערן . . .
פֿון שאַרבנס — קערפּער
וועלן לעבעדיק ווערן.

און ביינער צו ביינער
און גלידער צו גלידער —
זיי וועלן אין מחנות
פֿאַרזאַמלען זיך ווידער . . .

מיט נקמה געפּאנצערט
קעגן בלוטיקן טיגער —
זיי קומען די מחנות,
זיי קומען די זיגער .

פאַר טרערן פון מאַמעס,
פאַר בלוט פון די קינדער
וועט שווערע האַנט פאַלן
אויף בלוט־הינט און צינדער . . .

# ניט פאַרגעסן

(צום אָנדענק פון וויליאם העיוואוד)

וואָס איז טרויער און געוויין
אויף דעם טויט פון גרויסן פירער?
געטראָגן האָט ער לאנג די קרוין
פון קעמפער און מארטירער.

ניט זיין גייסט און ניט זיין מוט
זיינען מיט דעם טויט געשטאָרבן —
מיט שוויים און קאמף און בלוט
האָט ער אייביקייט דערוואָרבן.

אין די מינען אין דר׳ערד,
וואו טאָג איז ווי א בלינדער,
האָט ער קריג דער וועלט דערקלערט —
דער שטאָלצער „וואָבלי״ גרינדער.

און זיין קאָפּ האָט זיך געטורעמט
וואו נאָר קאַמף און פלאַם,
און געטראָגן האָט ער שטורעם
אין לאַנד — פון ים צו ים.

וואָס איז טרויער און געוויין
מיט ליפּן שטייף פאַרביסן?
בא דער קרעמל־וואַנט זיין לוין —
וועט אים קיינער ניט פאַרגעסן.

*) וויליאם העיוואוד, דער גרינדער און פירער פון דער אינדוסטריעל וואָרקערס אָוו דהי וואָרלד", באוואוסט אלס „וואָב־ליס", איז געווען פאַרפאָלגט פון דער אמעריקאַנער רעגירונג. ער איז אנטלאָפן קיין סאָוועטנפאַרבאַנד. דאָרט איז ער גע־שטאָרבן אין מאי 1928.

# „אין גערֲאנגל“

(אויפן טויט פונם דיכטער ש. נעפּאָס)

באם ראנד פון דיין גסיסה־בעט
האָב איך געהערט דיין לעצטן לעבנס־ברום.
געזען, ווי אין געראנגל האָט
געקראמפט דיין גוף, ווען דער טויט
געזאָגט האָט: קום!

דיין פּנים שאָטנדיק, ווי זון באם אונטערגיין,
געצאנקט האָט, ווי עס צאנקט דיין יעדעס גליד.
דיין הארץ, האָט יסורים־דיק אויסגעקלאפּט
דעם לעצטן אקאָרד, דיין לעצטע, לעצטע ליד . . .

מיך שטיקט אין האלז פארגליווערט געוויין,
א דיכטערס לויטערקייט דאָ ווערט פון טויט פארשעמט,
און איך — קאָן גאָרניט, גאָרניט העלפן אים!
מיין הארץ בלויז הילפלאָז איז פארקלעמט . . .

אָ, דיכטער־פריינט! פון ערשטן ליד־געראנגל אָן
האָסטו דער וועלט דיין טרוים פארטרויט,
און אין געראנגל פון דיין לעצטער שעה —
דיין גייסט האָט ניט באזיגט דער טויט!

עס וועט דיין ליד ניט בלייבן שטום,
און לעבן וועט דיין שטימונגספול געזאנג.
דיין ליד פון קאמף, פון צאָרן און פון מוט,
ווי עכאָ פון דיין גייסט נאָך וועט וויברירן לאנג.

טאָראָנטאָ, יוני 20, 1939.

*) „אין געראנגל" איז דער נאָמען פון ש. נעפּאָמס ערשטע זאמלונג לידער. דאָס דאָזיקע ליד איז אָנגעשריבן געוואָרן אין טאָג פון ש. נעפּאָמס טויט.

# די פריסטער פון קרעכצן

פון אומקום די פריסטער,
מיט גאליקן פליסטער —
געלייגט האָבן איידעלע הענט אויפן הארצן,
געוויקלט די כשר׳ע גופים אין שווארצן
און האָבן די ברעמען די בייזע פארצויגן —
גרייט אין א חרם א הארבן צו לייגן
דעם גואל וואָס האָט מיט פלאטער פון פאָנען
געבראכט די גאולה צו אידן מיליאָנען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳איז טריפה די גאולה —
אָן זייער הסכמה!
ס׳איז פסול דער ספר —
אָן זייער הקדמה!

— — — — — — — — — — — — — — — —

דער „גואל" — ער דאַרף זיין אין שמאַטעס פאַרבונדן,
און הייטער דאַרף רינען באַ אים פון די וואונדן.
און אויך די „דערלייזטע" — זיי דאַרפן זיך שטיקן
און וואַרטן אויף יענע „פּאַפּירענע בריקן".
ווי ס'שטייט אין די הייליקע ספרים פאַרשריבן —
די ספרים די אַלטע, פון פריסטער געקליבן . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —

די פריסטער וואָס לעכצן
נאָך הייליקע קרעכצן . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

אָ, פּריסטער, וואָס טרעטן אויף אײדעלע זוילן! . . .
אייך האָבן פארגעסן די אידן פון פוילן!
זיי זיינען דורך נעכט אין דער פינצטער געקראָכן,
די הויט זיך צעריסן, פארבלוטיקט די קנאָכן —
אבי נאָר דערגרייכן, אבי נאָר געפינען
אין גרויען פרימאָרגן, אין קאלטן באגינען
מיט אויגן צעשטראלטע פון הארציק באגערן
די רייטער וואָס טראָגן דעם ליכטיקן „שטערן"! . . .

# בירעבידזשאַן

ניטאָ אזא אָרט,, אזא לאנד.
וואָס האָט אונז דערלאנגט אזא ווארעמע האנט
און מיט ליבשאפט געהיט אונזער שפאן,
ווי דו — אונזער סאָוועטישע בירעבידזשאן!

ניטאָ דאָרטן העצער פון שנאה,
ווי אין היטלערס פארסמיטער מדינה.
פאר אידן א זיכערע דירה,
געגלעט פון די וואסערן פון בירע.

פאר אידן דיין מארמאָר, גראניט,
דיינע פעלדער אין שפע צעבליט.
צי איז ערגעץ א לאנד נאָך פאראן
פאר אידן ווי בירעבידזשאן?

דיין סאָוועטישע פֿאָן איז א ליכטיקער טורעם,
א טרייסט אין דעם פֿינצטערן שטורעם.
זאָלסט ליכטיקע בשורה צעטראָגן:
עס ליכטיקט: עס הויבט אָן צו טאָגן!

# שפּאַניע

דיינע שייטערהויפנס ברענען
איצטער ווי אמאָל,
ווען דיין נאָמען האָט געשווידערט
ווי א יאָמער־טאָל.

ווען דיין קירכע האָט געוועלטיקט
מיט איר צלם־סם
און זי האָט אין פלאַם געבראָטן
ברידער פון מיין שטאַם.

ווער פארגעסן קען די טייכן
פון פארגאָסן בלוט?
און מיט ציטער ניט דערמאָנען
יענע קדושימ'ס מוט?

אָבער מערדער־טאָרקוועמאדאָ
איז ניט שפּאַניע דאָך:
דיין פֿארקנעכטעט פֿאָלק ניט שולדיק
איז אין יענעם בראָך.

דיין פֿארקנעכטעט פֿאָלק געקעמפֿט האָט
העלדיש דורות־לאנג
מיט טיראנען און באצווינגער,
מיט דער צלם־שלאנג.

איז דיין קירכע איצט פֿארברידערט
מיט פֿאשיסטן־בונד.
און די נייע טאָרקוועמאדאָס
טרעטן דיך אין גרונט.

דיינע קינדער שחט׳ן מערדער
ווי די שאָף און רינד.
דיינע שטעט — אוועק אין פֿייער
מיט דעם בייזן ווינט.

קעמפֿט דיין אָרעם פֿאָלק אצינדער
מיט נייעם יעזזאיט,
און די נייע טאָרקוועמאדאָס
ברענען דיר די טריט.

און מיין האַרץ מיט ליבשאַפט פלאַטערט
איבער שפּאַניעס ערד.
עס איז דיין קאַמף נאָך ניט פאַרלאָרן:
פאַשיזם ווערט צעשטערט.

# מאַי 1939

„ווידער איז דער מאַי געקומען
מיט זיין צויבער מיט זיין פּראַכט,
אַלע קנאָספּן, אַלע בלומען
האָבן ווידער אויפגעוואַכט"

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

אַזוי האָט געזונגען אַ אידישער דיכטער
אַמאָל, בּאַ דעם אָנקום פון בליענדן פרילינג.
ווי אַנדערש דער מאַי איז, ווען וואָלקנס געדיכטע
עס שפּרייט דער נאַצי־פאַשיסטישער צווילינג.

דעם „צװיבער און פּראכט״ פֿון די לװיטערע הױכן
פֿאַרפֿינצטערן שטאָלענע פֿײגל פֿון אױבן.
און „קנאָספּן״, װאָס פּלאַצן מיט שטיקנדע רױכן,
פֿאַרזײען מיט מענטשלעכע גלידער די שטױבן . . .

מאַי — און עס פֿרירן די הערצער פֿון ציטער
פֿאַר בלוטיקע גרױזאַמע נאַצי־פֿאַרמעסטן.
פֿאַר װאָלפֿישן שפּרונג פֿון געפּאַנצערטע „ריטער״
אױף רױאיקע הײמען, אױף פֿרידלעכע נעסטן.

מאַי — און די װעלט איז מיט קאַמף אָנגעלאָדן:
די נאַצי־רציחות — װער קען זײ פֿאַרשװײַגן?
ס׳װעט קומען א פֿרילינג, אין זון־ליכט געבאָדן,
װען נאַצישע בעסטיע װעט זײַן הינטער שטײגן . . .

# העכער, העכער זאָל זיך צאָרן הויבן...

העכער, העכער זאָל זיך צאָרן הויבן!
טויזנטער פֿויסטן צוזאַמען.
מיליאָניקע כוואַליעס זאָלן זיך צעברויזן
און פֿאַרשווענקען היטלערישע פֿלאַמען . . .

דאָרט פֿאָכעט טויט מיט רויט־באַפֿלעקטע פֿליגל
און יאָגט מיין פֿאָלק צו ווייטע ברעגן.
דאָרט פֿאַלט מיין פֿאָלק, ווי גארבן אונטער מעסער,
דאָרט לויערט טויט אויף אַלע וועגן.

און ווער וועט תּליונים האַנט פֿאַרהאַלטן?
די שטריק די בלוטיקע וואָס תּליון האָט פֿאַרצויגן?
ווער וועט אָפּהאַלטן די האַנט פֿון מערדער,
אַז האַק פֿאַרמאָסטענע זאָל ווערן אָפּגעבויגן?

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

העכער, העכער זאָל זיך צאָרן הויבן!
טויזנטער פֿויסטן צוזאַמען.
מיליאָניקע כוואַליעס זאָלן זיך צעברויזן
און פֿאַרשווענקען היטלערישע פֿלאַמען.

# מיר װעלן געדענקען די „סעינט לואיס“

ניט שולדיק איז דער ים,
ניט שולדיק איז די שיף,
ניט שולדיק איז דער אָפּגרונט,
װאָס שפּרייט זיך בלוי און טיף.

דער ים האָט ניט געשטורעמט,
די שיף — געשװאומען גוט.
דער ברעג — שוין נאָענט גרינט,
אין זון און פֿרידן רוט.

טאָ װער־זשע האָט דערשטיקט
דעם ברויז פֿון לאנדן־פֿרייד,
װען ציל איז שוין דערגרייכט:
פֿאַר אויגן לאנד צעשפּרייט?

ווער האָט פֿאַרגליווערטע שרעק
פֿאַרשפּרייט אויף פֿרוי און קינד,
און לעצטן שפּור פֿון טרייסט
צעווייט אין קאַלטן ווינט?

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

אָ, ברידער מײַנע, וואָגלער!
ניט פֿול איז אײַער מאָס!
עס הענגט פֿאַר אײַך אויף ברעגן
א קאַלטער בייזער שלאָס!

עס ציט א פֿלעק נאָך אײַך
פֿון דײַטשלאַנדס שוואַרצן ברעג . . .
עס שטויסט די שיף צוריק
אין נאַסן וואַנדער־וועג.

אויף מאַסט א „געלער צייכן",
א „געטאָ" שווימט אין ים . . .
אָ, וועק זיך, וועק זיך, צאָרן!
אָ, צינד זיך, צינד זיך, פֿלאַם!

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

עס וועלן די געשיכטע־רעדער
ניט דרייען זיך אויף צוריק!
עס קרעפּטיקט זיך דער אָרעם,
עס שטאָלט זיך אָן דער בליק.
עס אָטעמט ברוסט מיט צאָרן,
עס גרייט זיך מענטש צו שלאכט.
ער וועט פייערן צעצינדן
אין דער פינצטערער נאכט . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

און ביז די פאָן פון זיג
וועט פלאטערן אויף שפּיז —
וועלן מיר ניט פארגעסן
די שאנד פון „סעינט לואיז"!

# צום געווער

אידן, צום געווער!
עס איז געקומען דער טאָג!
עס האָט געשלאָגן די שעה!
אונזער ביטערסטער געשריי פֿון דורות!
צו שחיטות ווערט געפירט א פֿאָלק —
אויף טויזנטער עקידות . . .
הימל און ערד —
איר זײַנט עדות . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

קענסטו ווייטיק אין זיך דערשטיקן?
צאָרן — פֿון פֿיבערדיקע בליקן?
האלסט פֿארבראָכן די הענט?
ווען א פֿאָלק ווערט פֿארלענדט?

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

האָסטו געהערט דעם גרויסן שאַלנדיקן רוף
איבער ימ׳ען און קאָנטינענטן?
שטיי אויף, ישראל!
פאר דעם קיום פון דער אומה!
צום געווער!
באשיצן אונזער תקומה!
צום געווער!
אונזער גאנצער שטאם!
צום געווער!
זאָל שטורעמען ווי א ים
אונזער הייליקע נקמה,
פון געהייליקטער פאָלקס נשמה!

עס איז געקומען דער טאָג!
עס האָט געשלאָגן די שעה!
עס קלינגט דער רוף אין די אויערן,
ווי הושע און ישעיה,
ווי אשר שווארצמאנס געשריי:
„דער שונא בא די טויערן"!
לאָמיר זיך שטעלן אין ריי
אין יעדער פאָלקס ארמיי!

דער שונא שפּאַרט מיט שטאָל און פֿייער
אויף אַלץ וואָס אונז איז טייער.
צום געווער!
מיט טאַנק און עראָפּלאַן און פּאַנצער!
צום געווער!
זאָל קיין קרבן ניט זיין שווער!

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

עס האָבן העלדן אין אונזער געשיכטע
ניט געלאָזט זיך פֿאַרניכטן,
ניט געלאָזט פֿאַרשעמען
זייערע העלדישע נעמען:
פֿאַרטיליקט די פּלישתּים,
פֿאַרלענדט עמלקים,
צעשמעטערט יונים,
דעם רוימישן אָדלער.

צום געווער!
צום געווער!

צום געווער!
מיט טאנק און עראָפּלאן און באָמבערס!
ווי גענעראל שמושקעוויטש,
ווי דיכטער קושניראָוו,
דאָוואטאָוו און לוואָוו,
ווי אלע מוטיקע פּארטיזאנען,
לאָמיר אויף שונא שפּאנען,
ווי די רויטארמייאישע ריזן
מיט גלאנצנדיקע שפּיזן
אונטער פאָן פון רויטן שטערן:
מיר וועלן דעם שונא פארניכטן און צעשטערן!

צום געווער,
צום געווער!
זאָל ניט זיין קיין קרבן שווער!

טאָראָנטאָ, יוני 27, 1942.

# צו דער אידישער פּאַרטיזאַנקע

א גרוס דיר, מיין טייערע שוועסטער,
פון וייטן סאָוועטישן לאנד!
טיף אין די וועלדער פארשנייטע
גייסטו מיט ביקס אין דער האנט.

און ערגעץ אף וואָלפישע שטעגן,
אין ווינטיקע סמאליקע פרעסט —
פארטייעט דו שלייכסט זיך צום שונא
אין מוטיקן בראוון פארמעסט.

דו לויערסט מיט מיידלשער פלינקייט —
צום שונא אף נאקן א שפּרונג . . .
אין ברוסט פון דער נאצישער חיה
האָט מעסער געגעבן א קלונג . . .

בלוט . . . זאָל ער באצאָלן דער שונא
פאר קומען פארוויסטן דיין לאנד,
פאר קומען באצווינגען דיין לעבן
מיט קייטן פון פּיין און פון שאנד.

דיין לעבן וואָס האָט זיך צעזונגען
מיט פרייד אין דיין איטלעכן גליד,
ווען אין פארמעסט מיט סאָוועטישע בויער
האָט שטאָלץ זיך פארמאָסטן דער איד.

ווען אונטער סאָוועטישע הימלען
פארשוואונדן איז שווארצער אמאָל . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

ביסטו גרייט איצט אין שניי־זאווערוכעס
אַף פארמעסט מיט פאנצער און שטאָל . . .

אַף נקמה פאר דערפער פארברענטע,
פאר שטעטלעך פון שונא פארוויסט,
אַף נקמה פאר זקנים און קינדער
וואָס ליגן פארבלוטיקט אין מיסט . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

און זאָג די סאָוועטישע יונגען:
מיר טרוימען מיט אייך אייער טרוים,
און זאָל אונזער ברכה אייך שיצן
צווישן צווייגן פון וואלדישן בוים.

ציסט, שוועסטער, געשיכטלעכן פֿאַדים:
קאפּיטלעך פֿון קאמף און פֿון פּיין . . .
ווי די העלדישע ביבלישע שוועסטער
שרייבסטו דיין ערלעך קאפּיטל אריין.

# א י נ ה אַ ל ט

